דוד ראַפּאָפּאָרט

# תאוות אונטער די שטערן

געזאַמלטע לידער, פּאָעמען און באַלאַדן

פאַרלאַג ניו-יאָרקער אידישער ליטעראַטן קלוב
ניו־יאָרק, 1952

DAVID RAPPOPORT

# PASSIONS UNDER THE STARS

## Songs, Poems and Ballads

Price $2.00



684 Allerton Avenue, Bronx 67, N. Y.

Printed in U. S. A.

געדרוקט אין פינף הונדערט נומערירטע עקזעמפלאַרן

דאָס איז עקזעמפּליאַר נומער ————

# אין ווידמונג,

## עקספּערימענטאַלישקייט און אויטאָביאָגראַפֿישעם

### א

צו מיין אויסגעטרוימטן לייענער: —

אין מיין האַרבסטיקן קאַיאָר האָבן אין מיר אויפסניי פּרילינג־טרוימען מיט אומוויי זיך צעשאַלט.

איך האָב פֿאַר דיר מיין קבלת־פּנים־טויער אויפגעפּראַלט.

אַ פּאַרשפּעטיקטע זון האָט זיך אין מיין אַנטבלויזטן בלומענגאָרטן אַנטפּלעקט און אויסגערייפט מיינע פּרוכטן פֿאַר דיין גומענס־טעם צו פֿאַרזוכן.

איצט נעם איך דיך אַריין אין מיין קליינעם אָרעמען פּאָעטישן פּאַלאַץ, — אַ ליבן גאַסט אויף מיין לידס חתונה.

ווער בין איך?

וואָס האָב איך דיר צו זאָגן?

ווער ביזסטו, וואָס מיין ליד זוכט דיך מיט נאַקעטער באַגערונג?

פֿאַנטאַנען גלוסטונגען אונטער זונען און אונטער שטערן!

מענטש און גאָט! — איר זענט מיינע תאוות!

### ב

דער ווינט פייפט מיט זינגד דורך אַלע פענצטער.

געבוירן ביינצן־הונדערט־און־פינף אין דער מעלאַנכאָלישער, אין זיך פֿאַרקייטלטער מיט באַרג־לאַנדשאַפֿטן; מיט חלומות פליען־דיקער שטאָט אין טאָל: — קרעמעניץ, וואָלין.

קרעמעניץ — מיין קרעמעניץ!
מיין אַלטע היים! מיין יוגנט וויגל!
נישט פאַרגונען האָב איך זיך דיך צו באַזינגען. דער אָטעם פון דיין תאוה פלאַקערט אין מיינע שלייפנרינגען.

— — — — — — — — — — — —

. . . און ס׳וועט אויפשטיין דער זעקס־מיליאָניקער וואַלד, און אויפמאַרשירן אין אַ געפּאַנצערטער קייט פון מאָנונג! און פון זעקס מיליאָןביימער וועלן ווערן זעקס מיליאָן טייכן: —

צו דערטרינקען אין אַ מבול די זינדיקע ערד און די שאַנד פון דער זון.

. . . און פון די זעקס מיליאָן טייכן וועט ווערן זעקס מיליאָן שטערן, וואָס וועלן זיך באַזעצן אין גאָטס הימל צו צעשטרייען די אייביקע נאַכט. . .

ג

צו וואָס לידער? — צו פרעזערווירן דעם פלאַם פון היינט.
לידער פאַר וועמען? — לידער פאַר זיך און אויך פאַר...

— — — — — — — — — — — —

— מיינע אין מיר נאָך אַלץ וויינענדיקע ליכטיקע, יונג־פרויאישע נאָך נישט־צעבליטע תאוהדיקע שוועסטער אין זייערע יונגע קברים:
— גיטל און יאַכעד מיט זייערע נישט אויסגעליבטע מענער און נישט וויסנדיקע פאַרוואָס קינדער־עופעלעך . . .

— מיינע צעשראָקענע צוויי אינגערע ברידער־אינגלעך — איציק און לייבוש, אין זייער נישט וועלן שטאַרבן אַ פּחדנותדיקן יונגן טויט...

— אַלע מיינע אויסגעהרגעטע שטאָלצע קרעמעניצער אידן אין זייער גרויסן מאַסן־קבר אויף דער דובנער ראַגאַטקע. . .

— מיינע אַלטע איובשע טייערע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן אַזוי פיל פּיין אוןליידן געטרונקען פון זייער ביטערן, טראַגישן אידישן לעבנס־בעכער . . .

— מיין וואונדערפולער שיינער חייקעלע, — פאַר איר ליכטיקן

לעבנסגעשאַנק פון ליבע, מוט און גלויבן אין מיר מיט שטאָלץ און פאַרגעניגן . . .

— מיינע אויסגעוואָקסענע צוויי שטאָלצע, פלאַמיקע ביימער־זין, — יאַנקל און חיים, פאַר זייער אָרויפקוק און יראת הכבוד . . .

— מיין מדריך און פריינט יצחק ליבמאַן און דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", וואו די מערסטע לידער מיינע זיינען געווען געדרוקט, אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און ליטעראַרישער פאַרערונג . . .

זיי אַלעמען: — מיינע לידער אין ווידמונג!

זיי אַלעמען: — מיין האַרץ, מיין נשמה!

ד

אַ צייט צו באַלאַנסירן: — לעבן און טויט. געקומען קיין אַמע־ריקע אַ זעכצן־יאָריקער בחור. געאַרבעט עבודת פרך, פאַר ליכטי־קערע מאָרגנדיקע זונען.

געווען אַ צייטונגס־פאַרקויפער; בלעכער־מעטאַל־אַרבעטער; פאַר־בער, פאַרם־האַנט, שיק־אינגל; סטודענט, וואַגאַבונד און ביזנעסמאַן. אַנטוישט געוואָרן אין דעם ראָבאָטישן מאָנסטער — גרויס־שטאָט — און אין מענטשנלאָזע אידעאַלן; געקראָגן וואַנדערלוסט־פיבער אין מיינע בלוטן, האָב איך זיך אָרויסגעלאָזט וואַנדערן איבער די וועגן און שליאַכן פון דער שיינער גאָט־געבענטשטער וואונדערלעכער פרייער אַמעריקע; געלעבט אַ טרעמפּיש לעבן, און איינגעזאַפּט דעם זיס־וויניקן טוי פון די אַמעריקאַנער הימלען.

אין די גאָלדענע יאָרן פון מיין יוגנט האָב איך אָנגעשריבן מיין נאָוועלע „שליאַכן — אַמעריקאַנאַ" (טאָג־בוך פון אַ וואַגאַבונד), וואָס איך חלום אַמאָל צו פאַרעפנטלעכן.

ביטער און זיס איז דאָס לעבן געווען צו מיר. מיינע ראַנגלונגען — דער גורל פון מיין דור. אָבער אין אַלע מיינע גלגולים האָבן די פאַר־בלוטיקטע פליגלען פון מיין נישט אויסגעזונגען ליד מיך אויפגעהאַלטן ביי די קאָפּ־טשופּרינעס פון דערטרונקען צו ווערן אינם אַנטוישנדיקן פאַרצוקנדיקן מערדער־ים.

## ה

געוועז בין איך אַ נאַר אין אַ שטערנפולער נאַכט.
מיין יוגנט האָט וועלט און מענטשהייט געוואָלט אויסצירן.
אַלס ענטפער צו מיינע פרומע קרבנותפולע תפילות האָט מיך
די וועלט, — מענטשהייט מזכּה געוועז מיט דער שרעקלעכסטער בלוט־
באָד פון מיין פאָלק אין דער ערדס געשיכטע.
אויס וועלט־רעטער, —
מענטש־פאַררעטער !
זיך אומגעקערט צום רוף פון מיין בלוט און באַזונגען מיין פאָלקס
רענעסאַנס — די אידישע רעוואָלוציע.

## ו

פּאָעזיע איז לעבן. לעבן איז פּאָעזיע.
פּאָעזיע איז גאָט. גאָט איז פּאָעזיע.
פּאָעזיע איז ליבע. ליבע איז פּאָעזיע.

צו לעבן אַ פול לעבן, מוז מען זיין אַ פּאָעט. צו וויסן צי סאיז דאָ
אַ גאָט אויף דער וועלט, מוז מען האָבן אַ נשמה אָנגעזאַפּט מיט קוואַל־
טיפן גלויבן.

צו געניסן פון ליבע מוז מען האָבן אַ ליידנד פאַרליבט האַרץ.

אָנגערעגט צו ווערן פון פּאָעטס שיינפליעריש וואָרט מוז מען
אָטעמען זיין אויסגעחלומטע וועלט.

## ז

מיין לידס פּנים אין פאַרשיידענע שטימונגען : — פולע לאָגלען
וויין־טרוימען.

זיסער וויין, זויערער וויין, — פאַרסמטע טרערן געטראַנקען !
מיינע אויסגעזויפטע בעכערס אויף טרוקענע פאַרחלשטע גומענס.
מיינע האַרצפולע לידער, —

מיינע קינדער־ברידער.
אויפן מאַרק איך שיק אייך
פון פּאָעטישן האַרמידער.

אַזוי פיל טעג און נעכט צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען געטרוימט, צוזאַמען געליבט, צוזאַמען געהאַסט, צוזאַמען אויסדויערט, צוזאַמען געשטראַלט, צוזאַמען געוויינט אין פינצטערן וואַלד . . .

איצט . . .

איצט צעשיידן מיר זיך.

אַליין אויף דער וועלט שיק איך אייך אַרויס, — צו פאַנגען איינזאַמע נשמות ביי קליין און גרויס. אויף אייער וועג אין שטורמישן געראַנגל שאַלט אויס, הויך און אומדערשראָקן, מיין אויסגעווייטיקט אידיש וואָרט; וואַרעמט אויס נעסטן מיטן פלאַם פונם האַרצן וואָס איר האָט פאַרלאָזן . . .

ח

וויט אַוועק און לאַנג צוריק איז פּאָעזיע געווען רעליגיע.

דאָס ליד — אַ תפילה.

היינט האָט זיך דער מענטש אָפּגעטאָן פון רעליגיעזן גלויבן, אָדער די פּאָעזיע האָט זיך אָפּגעטאָן פונם גלויביקן מענטשן.

אַ סינטעז צווישןביידע זוכט מיין ליד.

ט

אַ ליד קען מען ניט אויסטייטשן.

יעדער מענטש לעבט אַריין זיין אייגענעם געמיט אין ליד.

דאָס ליד טאָר מען ניט עקספּאָנירן.

מיסטעריעז איז גאָט.

מיסטעריעז איז דער מענטש אויף זיינע וועגן פון לעבן און טויט.

נאָר איך עקספּערעמענטיר מיטן פאַרכישופטן שטאָם פון געבוירן־ווערן. צוריקצוברענגען צום אָנהויב, פאַרליר איך ביים סוף פון

געלעגנהייט־ליד אַ וואָרט פון דער צייט און אומשטענדן, וואָס האָבן מיך אָנגערעגט אָנצושרייבן דאָס ליד.

אפשר וועט דער פשוטער לייענער־מענטש אָנגעהויכט ווערן מיט מיין שטימונגס־וועלט און אויך אויפבליצן מיט מײַנע אויסגעטרוימטע וויזיע־ווייען, מיט וועלכע איך האָב געפלאַמט בשעת איך האָב זיי געשריבן.

י

די נסיעה צו דער גאָטלעכער אייביקייט.

ליבער לייענער: —

איך האָב זיך פאַר דיר פאָרגעשטעלט אין מיין געשטאַלטפולער עניוותדיקייט. ווען דו רירסט אָן מיין ביכל, רירסטו אָן אַ לעבעדיקן מענטשן.

לייג צו דאָס ביכל, מיין פאַרווירקלעכטן טרוים, צו דיין אויער און דו וועסט הערן דאָס קלאַפּן פון אַ צאַפּלדיק פאַרליבט מענטשלעך האַרץ.

מאַי, 1951 — דוד ראַפּאַפּאָרט

# געזאַנג צום לעבן

1

היינט האָב איך דיך געזען הענגען אין דיין ווינקל,
זון מיינער, וואַקסנדיקער בוים.
ווי אַ סטרונע האָט זיך מיין האַרץ געצאַפּלט מיט
פאַרבלוטיקטע פליגלען,
און איך, ווי אַ גלויביקער, האָב הכנעהדיק געקניט
פאַר דיר, רויטער הימל, — מיין שאַריעדיקע מוטיקע
זון.
ווי אַ צעבראָכענער זאַנג האָט זיך מיין געפּייניקטער
קערפּער געטוליעט צו דער ערד
און מיינע ליפּן האָבן געבעטן:
— אָ, גאָט, אָ, גאָט, גיב מיר רו!

2

איצט איז נאַכט.
וואַרגט דער פינצטער מיין וואַרטן.
ערגעץ וואו וואַרטן מענטשן.
ערגעץ וואו וואַרטן לעבנס.
ווער זיין האַלדז אין פעטליע אַריינצוצילן,
און ווער אויף מוטערס לעצטע געבורט־ווייען צו
קומען.
און איך זינג:
כ'גיי אויף מיט די שטאָלצע ראַקי־בערג
אומדערשראָקן־שטאַרק.

כ'גים זיך צוזאַמען מיטן ניאַגאַראַ, ווי מיט אַ
מיליטאַנטער אַרבעטער דעמאָנסטראַציע, —
און כ'וועב זיך אין לעבן אַריין.

3

מיין האַלדז ליינ איך דיר צוקאָפּנס, געפּייניקטער
חבר!
כ'נעם דיך אַרום מיט וואַרעמע אויסגעהאָרעוועטע
פאַרליבטע הענט.
אָ, געפאַנגענער סטאָאישער מאַרטירער!
זאָלן דיינע פּייניקער אויף מיין קערפּער מעסערן,
און דיינע בלוט־וואונדן, ווי סטעננעס פון מיר
אַראָפּהעננען.

אָ, וואַכנדיקער טאָם מוני!
ס אַ ל ו ט!
כ'סאַלוטיר דיר, ווי אַ זעלנער זיין אַדיוטאַנט.
און זאָל דיין חלום אויף וועבן מיינע טרוימען —
מיין אין טורמע אויסדערוויילטער אַדיוטאַנט.

יולי, 1935

חיימען, מיין זון, געווידמעט

# זיבן הינט אויף זיבן שליאַכן

זיבן הינט אויף זיבן שליאַכן —
זיבן קעפּ ביי פּלויטן וואַכן.

ערשטער הענגט אויף אַ פאַרקניפּטן שטריק,
בלוט פון צונג וואַשט זיין גליק.
צוואָגט דער ווינט זיין שליאַך דעם טויטן,
גייט אוים דער הונט ווי אַ לאָמפּ אָן קנויטן.

צווייטער וואַרגט זיך מיט אַ ביין, —
שרעקט זיך לבנה פאַר זיינע שפּיזן־ציין.

דרייט זיך שליאַך אַרום דריטן אַרום־אַרום.
בעט זיך טאָג שטיל און שטום: —
— „אָ, הונט פאַרצערער, אָ, הונט פּראָקליאַטער:
ביזסטו טייפל אָדער ביזסטו ציוויליזאַטאָר?"

פערטער שיילט זיך פון אָרעמע פעסלעך,
ביטער שפינט ער אַ טאַניץ פון געסלעך.

אויפן האַלדז ביים פינפטן ראַמען, רינגען: —
פעל, נשמה — צום האַר פאַרדינגען.

זעקסטער ברוינט זיך פויל אויף טרעפּ,
מיט אויערן געקרייזלטע ווי פאַרקעמטע צעפּ.

און דער זיבעטער אויף פאַנאַנדערגעוואָרפּענע
באַנטעם —
ער ציט זיך צו גאָט, דער אויסגעווײלטער סאַנטעם.

זיבן הינט אויף זיבן שליאַכן,
זיבן קעפּ ביי פּלויטן וואַכן.

יאַנואַר, 1936

זיבן גרויסמאַכטן האָבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

# קינד אין האָספּיטאַל

סטענגעס שאָטנס,
ווייסע ווענט;
ווײַנען די שפּיץ פינגער
פון פאַרבענקטע הענט.

טאַטע־מאַמע באַזוכן זייער קראַנק קינד.
צוויי שטומע פּנימער שפּיגלען זיך אין קינדערשער
פרייד.
קינד לאַכט אומעטיק.
אויגן וואַרעמען אויס דעם צימער מיט קלאַנגלאָזע
רייד.
— „מאַמע, דעדי!
שוין לאַנג, אַזוי לאַנג ווי איר זענט דאָ געווען",
ברעכט זיך ווייטאָק אין עלטערנס העלדזער —
נאָר זיי זאָגן: — „זע נאָר, חיימל, האָסטו שוין דאָס
געזען?"

אָט האָסטו, זון, אַ נייע „געים" —
„סווינג איט, איז די נעים".
אָ, חיימל קינד,
שטעל אויס די סאָלדאַטן
און מיט דעם באָל אויפן שטריק
שווינג ווי מיטן ווינט.

אָ, חיימל קינד,
אָט האָסטו, זון, אַ נייע „געים" —
„סווינג איט, איז די נעים."

און דאָ האָסטו אַ בילדל פון יאַנקעלען, חיימל,
ער בעט פאַר דיר גאָט, פאַר דיין געזונט ווערן.

אינם בילד וואַשן זיך גווירסעם זייערע צאַרטע
גזיבעטער,
און ביים קינד פֿינקלען אויף צוויי פּערלדיקע שטערן.

חימל קושט זיין ברודערלס בילדל,
חימל ווייקט אוים זיין חיים פּנים אינם קאַלטן פּאַפּיר;
חימל וויינט און ווינט אָן אַן אָפּהאַלט און אָן אַן
אויפֿהער,
און מיט זיינע אויגן רייסט ער זיך צו דער טיר.

— — — — — — — — —

פֿון דער וואַנט רינט מיט סימפֿאָנישער מוזיק.
טאַטע־מאַמע שווייגן אוים זייער צער שטום און
שטיל.
קינד שטרעקט אוים ווייסע הענטעלעך און בעט זיך:
— „קושט זי, קושט זי, אייערע ליפּן גיבן מיר אַ
טריל."

אָוונט מיט אויסגעשפּרייטע פֿליגל;
סטענגעס שאָטנס בייטן זיך און בלייבן שטיין.
נוירם פֿאַרווינט קראַנק קינד מיט געטרייע בליקן
און בעט זיך ביי די עלטערן: — „שוין צייט, שוין
צייט צו גיין."

דעצעמבער, 1937

מאָונט סיני האָספּיטאַל. מיט עלעקטריש ליכט איז אָנגעגאָסן דער פֿאַרצעלייענער טונעל־גאַנג. שוין צוויי וואָכן גישט געזען דאָס קראַנקע קינד. אַזוי פֿיל קראַנקע טעג און וואַכע ווייסע נעכט.

# איך קער זיך אום...

איך קער זיך אום צו דיר, גאָט, פֿון אַ לאַנגער
בלוטיקער נסיעה,
פֿונם גוייִשן טומאהדיקן וועלט־מבול אַן אויסגע־
וואַשענער, אַ ריינער.
דאָרט וואו איך האָב דיך געזוכט
ביזסטו נישטאָ. און ס'איז אויך נישט געבליבן
קיינער.

איך קום צו דיר צוריק, —
אַ ווילדע רויז מיט פֿאַרשטאָכענע פֿינגער,
אַ וואוילגעניינגטער נאַר,
מיט אַן אויסלייזערשער משא וואָס ווערט אַליך
גרינגער.

ווידער פֿליסט דער טייך און וואַשט די ברעגן,
ווידער שפּראָצן וואַסער־ליליעס צו קושן די זון.
פֿון אַ גרויסער עדה אידן בין איך אַליין געבליבן, —
מיין צעבראָכן האַרץ וועט דיר דערציילן דערפֿון.

נאָך ברענט מיין וואַלד און ווערט נישט פֿאַרלאָשן,
נאָך גייט איבער מיין בעכער מיט נשמהפֿולן
בלוט־וויין.
צו מיינע אידן אויף קבר־אָבות קער איך זיך אום: —
אַ מצבה.
אַליין וועט זיי אַזוי איינזאַם זיין.

אין שפּאַן אויף די גרענעצן פֿון מיין פּוסטן
באַוואוסטזיין,
אין פֿלי אויף די ברעגן פֿון דיין הימלישן ראַנד.
ערגעץ וואו געפֿינען וועל איך דיך, מיין גאָט,
און דיר אומקערן מיין נשמה מיט מיין פֿאַרשטאַנד.

# ווינט אויפֿן שליאַך

דער שליאַך — פֿאַרנאַכטיק, ווינטיש.
די גרין באַלעבטע פֿעלדער ליגן אומרואיש
פֿאַרטראַכט;
דער טאָג — אַן אויסגעוואַשענער פֿון רעיונות,
די וועלט אין פֿאַרגיין אַן עבירה — אַ פּראַכט.

ערב פֿרילינג.
בלויער הימל אין סאַמעט — אַן אויסגעגאָסענער טייך.
די בערג דאַווענען מנחה —
דער ווינט אין בית־השמשות גיט אַ שטיף און אַ לאַך.

אַפּריל, 1926

נאַסטאַלגישער אומעט אינם וואַגאַבונדישן קאַליפאָרניע.

# די גאָן־היל־ראָוד־סעמעטערי
# אויפֿן „על״ סטיישן

אַרוים פֿון הויז —
רוט די אייביקייט אין דרויסן.
אין ערדישער שוים שלאָפֿן מענטשן.
מיט הימלען, מיט וואָלקנס,
מיט זונען, מיט שטערן,
אַמאָל אויך מיט שניי, שטורעם און רעגן.

שלאָפֿט דער טויט,
פֿאַרצאַמט מיט אַ פּלויט;
וועכטער וואַכן: —
דעדיקירטע פֿלאַכן.
ווינט וויגט מצבות
הינטער לויפֿנדע „על״־טרעינס רעדער.
ס׳קושט די לופֿט די סעמעטערי,
צאַרט און ווייך,
מיט דער גראַציעזקייט פֿון אַ פֿויגלס פֿעדער.

אָקטאָבער, 1939

# צו אַ קראַנקן דיכטער

פֿאַרפֿרעמדט איז די האַרצלאָזע שטאָט;
די לײדיקע שעהן דרימלען אויף דײנע הענט.
דער אַרום איז שטום —
אַ װאָרט װילן נישט אױסרײדן די קאַלטע װענט.

ליבער דיכטער, צינד אָן דײנע דאגות װי פֿײער אין װינט!
דײן הימלאָז ליד פֿליט ברענלאָז װי נחם שלום טויב.
דער הימל װײנט מיט אַ בײזן רעגן,
װאָס קומט צו דיר צו־גאַסט, — אַ רױבער דורך דער שױב.

דײן טאָג לעשט זיך װי אַ פֿרוי אַן אַנטױשטע,
דײן נאַכט טרױמט אויפֿן קול אַ געזאַנג.
איך הער דײן נשמה פֿון דער ערד װאַקסן
אויף אַלע װעגן פֿון דײן נע־ונדנעם גאַנג.

דעם דיכטער א. ל. געװוידמעט.

# די באַלאַדע פונם דאָרנוואַלד

„דאָס פאָלק וואָס איז געגאַנגען אין פינצטערניש,
האָט דערזען אַ גרויס ליכטיקייט;
די וואָס זיינען געזעסן אין לאַנד פון טויטשאָטן,
אויף זיי האָט אַ ליכטיקייט געשיינט".

ישעיה, קאַפּיטל ט׳, אידיש: יהואש.

1

ס׳איז פינצטער אינמיטן טאָג.
אין די פוסטריט פונם נביא גיי איך נאָך און זאָג:

— פון די טיפענישן פון געשענדעטן קבר,
לעבנסלאָז איז מיין פאָלקס יעדער אבר.
פון אינגעווייד קאַלכאויוון מענטשן־אַש —
הויבן אָן אָטעמען ביינער: — תחית המתים רעש.

מלאכים מיט פייערפליגלען אין גאָטס געשטאַלט
געקומען זיינען אויף דער ערד און פאַרבלאָנדזשעט
אין דאָרנוואַלד.
פאַרגאָסן מיט בלוט און שנאה איז דער רונד־אַרום.
געזאָגט האָבן די מלאכים: —
„ישראל, גאָט האָט באַפוילן, — קום!"
פינצטערניש איז געווען אויפן געזיכט פון תהום.
דער לעבנס־רוח האָט אויפגעקוואַלט אין אַ שוים.
איינגעזאַמלט האָבן די מלאכים גאָטס קינדער,
ווי פאַסטוכער נאָך אַ שטורעם זייער שאָף און רינדער.

2

— — — — — — — — —

פלוצעם געקומען איז פונם וואַלד —
מיסטער דאָרנוואַלד.

דעם נביאס געבעט
האָט ער פֿאַרשפּעט.
און אינם הויז פֿונם קידוש השם מת —
פֿאַרהייליקט האָט ער זיין גאָלדענעם מעת־לעת.

3

— — — — — — — — —

די פֿייערשווערד פֿאָכט
אין טויטנטאָל.
אויף די שפּיצבערג חלומות
געשען איז ווי אַמאָל.

אַנטבלויזטע הערצער
פֿון דורותפֿולע מאַרטירער.
דעם ליכטוועג פֿאַרצאַמען
האָבן געוואָלט די רייכע פֿאַרפֿירער.

קינד און קייט פֿלאַמט
מיט שרויט און פֿייער.
נישט געזען האָט די שריפֿט
מיסטער דאָרנוואַלד אין זיין שייער.

נישט וויינען וועט דער נביא מער.
גאָטס וואָרט פֿלאַקערט אין זיין צאָרן.
דער וואַלד גאולהדיק שפּרייזט.
פֿאַרווישן וועט ער דעם דאָרן.

די אידן פון „אַמעריקען קאַונסיל אָוו דזשודאַאיזם" — געווידמעט.

## SPIRITUALS

1

איך האָב איבערגעלאָזט מײַנע צעשויבערטע
וועלדער,
מײַנע פֿעטע רײַכע פֿעלדער
מיט פֿולע ברוסטן תּבֿואות זאַנגען
און צו גאָט אַוועקגעגאַנגען.
די שאָף אויף הפֿקר געלאָזן וואַנדערן
אָן אַ שומר, אָן אַ פּאַסטוך.
אַליין בין איך אַרויף אויף אַ שיף
אויפֿגעהויבן די אַנקערס,
זי אויסגעקערעוועט אויף אַ וועג אַן אַנדערן
און פֿונם האַפֿן אָפּגעגאַנגען.

2

דער גרויזאַמער ים
שלינגט אײַן מײַן שיף.
זי גייט אַראָפּ, —
און איך גיי צו גאָט אַרויף.
זי גייט אַראָפּ, —
און איך גיי צו גאָט אַרויף.
זי גייט אַראָפּ, —
און איך גיי צו גאָט אַרויף.
— — — — — — — — —
ביז מײַן שיף זינקט
ווי אַן אָנגעפּילטער טאָפּ.

3

איך וויין און וויין,
איך וויין און וויין
— „ווי איז מיר,
וואָס מיט מיר איז געשען!"
געבליבן אין ים בוזעם —
אַן איינזאַמער שטיין.

ווער וועט מיין געביין
פֿונם הימל אַראָפּ,
ברענגען אַ פֿאַסטוך
צו מיינע פֿעלדער און שאָף?

אַפּריל, 1947

## ביים טייכל

די זון טרינקט זיך אין טייכל.
דאָס טייכל וואַשט די שטיינער אַרום.
געשניטן היי שמעקט — אַ מאכל,
אַ שפּריץ פֿון גאָלד שטראַלט אומעטום.

כ'נעם אַ זשמעניע גאָלדענע שטראַלן,
כ'צילע אין אַ סטעננגע זיי אָן.
דאָס וואַסער רופֿט מיט אַ פֿריילעכן שאַלן.
איך שפּרינג אין טייך און שטעל אַלעם אין קאָן.

אויגוסט, 1947

"The Swimming Hole"

אויף לואי קאָהענס פֿאַרם, עקאָרד, נ. י.

# שטויב פון אַטאָמישן מדבר

— איר מאַיעסטעט, — דער הומאַניטעט, —
כ׳דערלאַנג אויף אַ פּאָרצעלייען טעלערל דעם
פּלאַנעט!

ס׳פּאַלט די לעצטע זון אויף היראָשימאַ;
מיט עמערם שעפּט זיך אוים די לבנה אין אַ לקוי
חיים פּאַנטאָמימאַ.

אָ, גאָט, אונז שיק אַ רעגנבויגן;
דער געשפּענסט בראַנדיקט מיט זיינע גרינע אויגן.

דיין אוטאָפּיסטישן האַלדזבאַנד אַ פייערשטיין איז
באַשערט;
דרייען, וועט זיך דרייען, דיין וועלט אויף פּאַרקערט.

אַנטשלייערן בראַנדאָפּפּערדיק וועט זיך דער הימל
פּאַטאַל;
אַרונטערשליידערן וועט ער דעם צלם אלקים פון זיין
הויכן פּעדעסטאַל.

די האַנטשריפט זע איך אין עקספּערימענט;
דענונציאַצירן וועט ער דיין טעסטאַמענט.

# מײַן פּאָן – מײַן טרער

מײַן האַרץ — מײַן הימלען אַ מתּנה!
מײַן לעבנס־גליק פֿאַר אים באַשערט.
אין שפּיגל צאַנקט מײַן ווײַבס ליבע,
מײַנע טרוימען שפּינען זיך אויף פּאַרקערט.

אינדרויסן — אינדיאַנער זומער.
אין די שויבן — ווײַנט ווער? ווער?
פֿײגל פֿליִען, פֿיש אין וואַסער שווימען.
מײַן אומעט, מײַן פּאָן — מײַן טרער.

הימל פֿון שטערן איז צעלעכערט.
מײַן האַרץ — צעריסן ווי אַ שטריק;
מיט פֿאַרמאַכטע אויגן זוך איך וואו אַ תּיקון,
מיט מורא קוק איך אויף קריק.

נאָוועמבער, 1947

אין אַ מאָמענט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג.

# סוף זומער

די שטיינער זיינען ווייס, —
אויסגעוואַשן פֿונם וואַסער.
דער ווינט קושט זיי
מיט די לעצטע וואַרעמע זונענשטראַלן,
וואָס ווערן אַלץ בלאַס און בלאַסער.
די געלע פֿעלדער זיינען איצט —
רייפֿער ברוינער גאָלד.
נאַקעטע ביימער
מיט רויטע בלעטער
האָבן ביי מיינע פֿיס
וויינען געוואָלט.

די טעג — קליינע סמוטנע,
די נעכט ווערן שוין נישט
צעזעגנט פֿון פֿייערפֿליגן זעג.
ס׳שאָקלען זיך די וועלדער,
ווי אידן אין די קלויזן,
אין די הייליקע,
גאָטספֿאָרכטיקע טעג.

פֿאַרלאָזט איז דאָס לאַנד.
האַרבסט־אומעט נעמט איבער יעדן שטעג.
די זומער פֿאַרמער
מיט די פֿייגעלעך
פּאַקן זיך אין וועג.

סעפטעמבער, 1948

# מיין קעניגרייך

איך לעב איצט.
איצט איז לעבן שיין.
איך וויש אוים לבנהס אויגן
און זי שיינט מיט זילבער־חן.

מיינע פּים פאַראַנקערט אין דער אדמה.
מיינע אויגן באַצירן נאָט.
טאַטואירטע מענטשנהויט־אַבאַזשורן פאַר די
שטערן.
מלאכים מיט פאַרשמירטע פנימער חוזקן אין שפּאָט.

צו וואָס זוכן גליק איבער זיבן ימען ?
כ'לעב מיטן גרעזל און בלעטל־ווינט.
מיינע פליגלען — די בלויע הימלען פאַרצאַמען —
מיין קעניגרייך — פון פאַפּיר און טינט.

נאָוועמבער, 1948

# הערי טרומאַן — פֿאָלקס טריאומף

נעכטיקן טאָגס נסיעה: פּשוט, מאָגער און גראַציעז.
פֿאָלק גייט. פֿון שטאָט און דאָרף, פֿון באַרג און טאָל.
אַמעריקע! — פֿריי־פֿויגלשער פֿלי פֿון מענטש־
געפֿאַנג.
פֿרייהייט־לאַנד פֿאַר יעדן איינעם פֿון אירע מיליאָנען־
צאָל.

איך טרינק דיין שטויב, אַמעריקע, דו שיינע.
איך באַזינג דיין נס אין מיין וואוטערס ריי.
אָאַזיס אין וועלטס מדבר!
מיין לעבן, געליבטע מיין, ברענג איך דיר אויפֿסניי!

בליענדע דערוואַרטונג האָט געוויגט דעם אָוונט,
געבוירנווי האָט די פֿרימאָרגן־זון מאַמיש געגליט.
מיט די פֿרייע און מיט די בראַווע —
אויך איך האָב געוויילט טרומאַנען, ווי אַמעריקאַנער
און איד.

עלף אינדערפֿרי, מיטוואָך, נאָוועמבער 3, 1948, ווען די ראַדיאָ האָט אַנאָנסירט פּרעזידענט טרומאַנס דערוויילונג.

# יעדן טאָג

יעדן טאָג ווערט געבוירן ניי לעבן.
יעדן טאָג פֿאַנגט זיך לעבן אָן אויפֿסניי;
יעדן טאָג טרינקט זיך מיין חלום אין שטרעבן.
יעדן טאָג פֿאַרשווינדט ער צווישן האַלאָו און גוד־באַי.

אויף יעדן טאָג הענגט אַ צווייג מיט דאַגות —
פֿון מילך און ברויט;
מיט יעדן טאָג ווערט מיד לעבן אויסגעלייזט —
פֿון אַ ליבן שטילן טויט.

יעדן טאָג דאַנק איך גאָטס טאָג —
זיין גרויסן באַשעפֿער;
אָפֿט פֿאַרגייט דער טאָג —
ווי אַ פֿאַרשפּילטער טרעפֿער.

יעדן טאָג אַנטדעק איך מיין בורא,
פֿאַר ווען כ׳באַווייז זיך ווי כ׳בין און נישט קאַפּויער;
מיט יעדן טאָג דערנענטער איך זיך צו אים —
צו זיין אייביק אויפֿגעפּראַלטן טויער.

אויגוסט, 1949

# אין נויט . . .

אין נויט, — פֿאַרן טויט,
כ׳חלש אוים מיין געבעט
צו דיר, מיין באַשאַפֿער.

פֿאַרן סוף, — כ׳פֿינקל אויף
אין אַ פּערלדיקן שטערן.
כ׳שפּיגל זיך אין ים
פֿון פֿאַרשווענדטן נישט־ווערן.

אין אַ פֿרימאָרגן,
אָן חלומות, אָן זאָרגן,
אויפֿגיין וועט די זון
און מיך נישט געפֿינען;
בלייבן וועסטו, מיין ליד,
אויך דעמאָלט
ווען איך וועל שוין זיין אַנטרונען.

# איינזאַם

איינזאַם וואַכט די נאַכט אינדרויסן,
פאַרגוואַלדטיקט ווערט זי פֿונם שטורם־ווינט;
דער אָרעמער דיכטער איז פֿאַרשטויסן —
היימלאָז וואַנדערט ער מיט די הינט.

די וועלט פֿון אמת שטאַרבט פֿון הונגער.
דעם דיכטערס פֿליגלען צאַפּלען זיך אין איר נעץ.
גרויזאַם בייטשט זי זיינע צאַרטע פֿינגער,
פֿון אָנהויב גאָטס וועלט ביז איר קץ.

אין הימלישן טייך טרינקט זיך אַ לבֿנה.
דער פּרינץ פֿון וואָרט — אין אַ וואַגאַבונד געשטאַלט.
זיין פֿייער פֿון האַרץ—דער נאַכט אַ פֿלאַמענדע
מתנה!
זיין שטורעם־ליד פֿון ווינטס רוקן שאַלט — אַ
געוואַלט!

פעברואַר, 1949

יצחק ליבמאַנען, נאָך אַ באַזוך ביי אונז אין אַ שטורמישער ווינטער־נאַכט.

# אַ טרער

דעם אויסגעוואָרצלטנם נסיעות ענד.
אַריינגענומען דעם שניט. שיף פֿאַראַנקערט אין
האַפֿן.
אויסגעלייזט איז דער דיכטער
פֿון זיין לעבנס־חלק טויט, ליידן און שאַפֿן.

די טעג גייען אָפּ און מיט זיי די זון.
דער ים גייט איבער מיט נאָך אַ טרער.
אָדם, פֿון ערד אַ דערלייזטער!
דאָס לעבן גייט פֿאָראויס, אָן אַ קער.

דורות קדושים אָן נחמה.
פֿון נאָך אַ קדוש זאַמל איך איין דעם שניט.
מלאכים וועלן ירשנען זיין נשמה.
מאַמע ערד, וואַרעם אוים זיין יעדן גליד!
— — — — — — — — —

מאַרטש, 1949

אויפֿן טויט פֿון ז. סעגאַלאָוויטש.

# אויפסניי, יונגער פרילינג!

צעשפּילטע בלוטן. אַ יונגער פרילינג האָט אויפסניי
אין מיר אויפגעשפּילט.
דער סענטראַל־פּאַרק האָט דערוואַכט פון
ווינטערדיקן שלאָף.
איך בין אינגאַנצן איין שטיק געזאַנג. — אָן זינד,
אָן שטראָף.

ניו־יאָרקישע גרינע בין־השמשות שיכורן מיך אָן,
און פאַרפירן מיך אין דער נסיעה צו דער לבנה
מיט לויטערע, שטאָלצע, ליבנדע יונגפרויען.

מיין יוגנט, ווי אַ פאַרלאָזטע סוויטהאַרט, האָט זיך
צו מיר אומגעקערט,
פון דער לבנהס מילך טרינקט מיט דורשט מיין
זילבערנער קאָפּ.
אָ, פרילינג! מיין אינגלשע ליבע אין מיינע אַלטע
בוימער־יאָרן,
מיט קראַפט און אימפּעט אויפסניי צעקנאָספּט.

יונגע נימפן פון די זיבן ימען.
עקזאָלטירטע בענקשאַפט כוואַליען די טעג אויף אַן
איינזאַמען ברעג.
היינט איז אין מיר אויפגעגאַנגען אַ יונגער פרילינג
מיט טויזנטער טעמ'ן
און איך לאַך אַזוי קלאָר, ווי דער קלאַנג פון פרייהייטס־
גלאָק.

זונטיק, 19־טן מאַרטש, 1950

צום פיר הונדערטסטן נומער „ניו-יאָרקער וואָכנבלאַט".

# דער טלית־איד

(טויט ווינטן קערן זיי אויס די אַלטע דעמבער,
שעפּן אויס זייערע חלומות,
פאַרשלייערן זיי אין די הימלען
פון בלויע תהומות...)

וואַנדערנדע שאָטנס וויקלען דעם טלית־איד
פֿאַנאַנדער
און פֿאַרטראָגן אים צו די שטערן.
צוריק —
צום וואַרעמען גלויביקן גאָט פֿון דער אַנטדעקונג.

זיין זעאונג לויכט אויף
מיט אַ געדאַנקען־פֿאַקל
די אויסגעלאָשנקייט.
ווידער —
פֿון אָנהויב ביזן סוף.

כ׳האָרך זיינע אָפּגעשיידטע טריט
אינם דמיונישן מילכשיין
פֿונם באַגינישן גלי,
צונויפֿקלייבן פּערלען
מיט שקיעהשער מי.

מיט לאָמפּן שטימונגספֿולע בריליאַנטן
האָט ער אויסגעמאַשטשט דעם גלויבן
פֿון ערדישער שוים
פֿון ווייטע וויטן
קומען וועט ער נאָך מיט נביאישן פלאַמיקן וואָרט —
דער טלית־איד פֿון קלויז.

— — — — — — — —

דר. ד. גלאָבוסן — צום אייביקן אָנדענק. אָקטאָבער, 1950

# צום יאָרצייט פון אַ יונגן פּאָעט

דער טויט איז אייביק!
(העי, טויט, די אייביקייט נישט פֿאַרשווועך!)
ווי אַ שטערן אין הימל,
מיין פֿאַרגעסענעם דיכטער פֿאַרשטעך!

הייליק ביזסטו, —
הייליק איז דיין פֿאַרשווינגן וואָרט.
אין דיין יאָרצייט־טאָג מאַך איך און דו —
אַ לחיים מיט ויין און טאָרט.

דיין נישט אויסגעזונגען ליד
אין דיין פֿאַרשטויסענער שטומער שעה
צו אַ סעודה פֿון שור הבור
ביזסטו נישטאָ.

חמשה עשר בשבט, תש״י

צום אָנדענק פון מיין יוגנט־חבר י. ג.

# לידער — שמידער

לידער — שמידער, —
מיינע נאַרישע טרובאַדורן ברידער!
ווער דאַרף אייך
אין דעם האַרמידער?

לידער — שמידער, —
לאָרעלייען אין ליבע־פּיווער.
נשמה כאַפּער
אין איינזאַמע שטיבער!

לידער — שמידער, —
מיין נביא, מיין מידער!
אויף דיין מזל ווײנט גאָט,
פֿאַר די אומנות־טענצער — די באַטריבער!

יולי, 1950

צום פאַרשטויסענעם, נישט אָנערקענטן,
עלנטן דיכטער־טרוימער — מיין
לינדערשע טרייסטונג.

# איר ליכט . . .

איר ליכט וועט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן,
האָט געזאָגט דער רב ביי דער לוויה; —
קיין ווינט, קיין שטורעם וועט איר שיין פֿאַרצערן,
די אייביקייט וועט באַצירן די נשמה פֿון מיין מומע
חיה.

איר לעבנסליד — אויסגעפּאַליעטע תּפֿילות־טרערן.
מידע טעג אויף פֿאַרחלשטע נאַכט־שליאַכן.
מיט האָפֿענונגען האָט זי פֿאַרמערזשעט אויסגעלע־
בערטע שטערן —
אַ סערענאַדע אויף תּהו־ובֿוהודיקע בבל־טייכן.

ס׳וועלן נאָך זיין אַ סך שיינע זונען.
ס׳וועלן נאָך זיין אַ סך שיינע טעג.
אין איר ליכט האָבן פֿאַרשטויסענע וואַרעמקייט
געפֿונען.
מיט איר ליכט האָט זי זיי באַלויכטן דעם וועג.

איר עובֿדה אָפּגעטאָן בשלמות.
מיט אַראָפּגעלאָזטע מאַסטן שווימט איר שיף פֿון ים
צום ברעג.
פֿון גאַנצע תּורה געבליבן זיינען בלויז שמות.
צו די קרבנות פֿון קידוש־השם איז זי אַוועק.

איר ליכט וועט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן —
האָט געזאָגט דער רב ביי דער לוויה;
קיין ווינט, קיין שטורעם וועט איר שיין פֿאַרצערן
פֿונעם פֿלאַם שיילט זיך אוים די אייביקייט פֿון מיין
מומע חיה.

מרס. חיה ראַפּאָפּאָרט, צום אייביקן אָנדענק.      כ׳ אלול, תש״ט

געבוירן אין קרעמעניץ, וואָלין, דעם 15-טן יולי 1882. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 14-טן סעפּטעמבער 1949

# פראַו אילזע — אַ בלום דער מענטשהייט!

(אַ צייטלעכע מואווי-באַלאַדע אויף אַ גרויסן עקראַן,
פאַר די סטודענטן אין די הומאַניטעטן, —
פאַר די קעניגלעכע נאָבעל-פּריז אויטאָריטעטן...
— דאָס דייטשענטום נאָמינירט אַ קאַנדידאַטין פונם
לאַנד קאַניבאַלאַסטאַן)

**1) פּראָלאָג.**

איך וואַש אָפּ די זון פונם ערדסקוגל פּנים.
איך אַנטבינד די נשמה פונם צלם אלקים.
אינם שלאַנגגרוב פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
קום מיט מיר מענטש, קום!
אויף מיינע מידע פּלייצעס,
מיינע געקוילעטע ברידער שלעפּ איך אומעטום.

**מערדער!**

דייטשלאַנד, קום אום!
מיין גאָט!
דיך האָט אַ פּרוי־בעסטיע געשענדעט
און איצט ביזטו געבליבן טויב און שטום.
די גראָזן טוען תּפילה,
דיביימער ברענען אַ יאָרצייט ליכט.
דער הימל הענגט אין שאַנדע
אָ, מבול, מיין מבול גים און גים און פאַרניכט!

**2) די צווייג פון בוכענוואַלד.**

הומאַניטעט! ? —
אַ נאַזאויוון.
אַ ביקם.

אַ בייטש.
אַ צווײַג.
אַ קאַצעט.
אַ שטריק.
הוראַ!
הוראַ!
הוראַ!
טאַנצט!
דעם טאַנץ שטאַראַזאַדאַ.
מענאַזשעריע־פּיסק שלינגט גאָטס ווענס
און שפּייט אויס
טויט צוריק!
אַנטגייסטע גייסטער
פֿון מיינע צייטלער
הינטשלענער און מענטשנפֿאַנג
באַמאַנטע ווײַבלעכקייט
אין וואָלפֿגאַנג געטהעס פֿאַוסטאַנג.

לײַדיס און דזשענטעלמען!
— נאַט און זעט!
די בלאָנדע טעווטאָנישע נקבה
אין די קליידער פֿון דער מאַמע חוה
ווערט נעבעך פֿאַרגוואַלטיקט
פֿון אויגן פֿול מיט לוסט און תאווה.
— און זי
מיט אַ בייטש אין האַנט
כוואַשטשעט מענער
ביי דער וואַנט.

אַ מאַן —
איר שאַמפּאַן.

די בלאָנדע זויפֿט
זיין קראַפּט, זיין שפּאַן.

### 3) אַ געבורטסטאָג פּאַרטי.

די בלאָנדע געטין
דעם קוילערס ווייב — אַ שטיק פּייער עראָטיק,
אָנגעטרונקען
מיט ליבעסבלוט, האַסבלוט
און ליידנסבלוט עקזאָטיק
האָט אַ געבורטסטאָג פּאַרטי.
און ווי ס'פּירט זיך ביי לייטן
ביי אַ פֿאָלק פֿון דיכטער און טאַטן
דאַרף מען דער צוויג חוה
ברענגען אַ געבורטסטאָג מתנה. —
אַ מתנה צו שטילן איר ווייבערשע לאַווע.
קוילער־פֿאַרערער
האָבן אַ גאַנצן טאָג געקוילעט מענער
און פֿון שענסטן לעבעדיקסטן פּוסנביין,
ווי פֿון אַ מאַרמאָרשטיין
אַ לאָמפּ געמאַכט.
פֿון אויסגעטריקנטער טאַטואירטער מענטשנהויט
דעם לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור באַזאַכט.
און מיט בלוטווײַן הייסן
אָנגעשיכורט אַ גאַנצענע נאַכט.
דער פֿום לאָמפּ האָט געברענט
ליכטיק ביז שפּעט
און באַלויכטן די געבורטסטאָג צוויג
מיט איר קוילער־מאַן צום טאַנץ אין בעט.

## 4) באַפֿרייאונג

„סטאַרם און סטראַיפּס"
פֿלאַטערן
אויף באַפֿרייטע מערדער־הימלען.
נקמה־נעמער
סמאָטשקען אילוזעס ליפּן.
און ווי פֿאַרליבטע
אויף אירע שוועלן דרימלען.
ס'שימלט דער טריאומפֿאַלער זיגער
פֿון שלאַנג און פֿון היפּאָפּאַטאַמאָ
פֿון וואָלף־צוויג און טיגער
צום שאַנדקלאָץ
מיט די באַזיגטע און באַזיגער!

## 5) דער משפּט

איבער דער בלום פֿון קין פֿאָלק
דער משפּט אַ חוזק, אַ שפּאַס
פֿאַר מיינע טויטע וויין איך אום מיינע טרערן.
די רייד אומזיסט, —
אַ געשריי אין אַ פּוסטן פֿאַס.

## 6) עפּילאָג.

העי, האָליוואודיסטן.
מיט קאָלירנדע זעאונגען אויף טי־ווי.
טעכנאָלאָגן נביאים —
ווייזט די צוויג,
שיסט זי!

— מיינע גוטע בירגער פֿון די דאָזיקע שטאַטן,

— באַטראַכט אילוזען, איר ערנפּאָלקס טאַטן.
— פאַרנעמט די רעליגיע פון מאָרדלוסט.

— און אפשר ווילט איר פּאָעטישן לירזים?
— פּלענטי סעקס און פאַנטעאיסטישן מיסטיציזם??

— און פאַר איך, אוממאָרטאַלע וויבער!
לאַמענטירט מיט אויסגעבייטשטע לייבער!

— מיט קאַלטער גלאָרי
איך קריך
אויפן בבל טורעם אַרויף
און איך שלעפּ די בלאָנדע בעסטיע פאַרן צאָפּ.

פונם העכסטן שטאַפּל
לעש איך אוים די זון מיט מיין קאָפּ.
איך שליידער איך אַראָפּ
אילזע קאָך
אייער גאָט!!!
— — — — — — — — —

דעצעמבער, 1950

# היינט ביינאַכט...

היינט ביינאַכט
האָבן אַלע אידן פאַרמאַכט
די טויערן און לאָדן
אויף אַלע ריגלען.
היינט ביינאַכט
האָבן לבנה־שאָטנס
מיט שעכטמעסערס
געקוילעט קינדער אין די וויגלען.

היינט ביינאַכט
זיינען ברוינע שטערן
לויז פון הימל
געפאַלן אויף צעבוכטע דעכער.
היינט ביינאַכט
האָט דעם ריינס וואַכט
זיך אויסגעליושעט פון די שליוזן:
— בערלינער ראַצן פון די לעכער.

היינט ביינאַכט
האָט אַ קינד געקאַכט,
אַ שאָס געכאָרכלט
האָט אין גסיסה.
היינט ביינאַכט
האָט אַ צלם באַוואַכט
אַ יונג־פרוים האַלדז אין קלויסטער
ביים ברודער יעזוס פים, אין אַ גאָטלאָזער תפיסה

היינט ביינאַכט
האָבן כלאָראָפילע יונגע־אויגן

פֿאַרלייזיקט די געטאָ
אין צעטרעטענע גריבער.
היינט ביינאַכט
האָבן יללות פֿון מלאכים
פֿאַרטרערט מיט בלוט
אַלע אידישע שטיבער.

היינט ביינאַכט
האָט אַ פֿאַרבלוטיקטע האַנט
פֿון הינטער אַ וואַנט
גערעוועט נאָך נקמה.
אַ רעוואָלווער האָט
אויסגעשאָסן דעם געבאָט:
לא אמות, כי אחיה!
אל נחמה.
— — — — — — — —

יולי 1951

די קעמפער און אויפשטאַנדלער אין די געטאָס מיט רום און גלאָריע,
צום אייביקן אָנדענק.

# מוזיק און טענץ אונטער ניו־יאָרקישע הימלען

## ליד אין פּראָזע

דער הימל באַשפּרינקלט מיט דימענטן־שטערן. שטיינער טרעפּ — ווייסע אין האַלבן לבנה־קרייז. רעגנבויגן פאַרבן פון מענטשן־מאַסן טובלען זיך אין קינסטלערישער לייטערונג. צו די הימלען זיינען עולה רגל געטלעכע טענער, וואונדערלעכע געשטאַלטן פון קערפּערלעכע טענץ און דאָס דורשטיקע גלוס־טונג צו דערהויבנקייט פון דעם שטערבלעכן מאַסן־מענטש.

דער סטאַדיום — אַ וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע פון קאָלירן, גייסט, גלויבן און לעבנס־לוסט! מענטש און גאָט באַהעפטן זיך און דער שאָטן פון צלם אלקים שוועבט אין נאַכטיקן תהום. צופוסנס ליגן די שלאַ־בערדיקע, פון היץ אויסגעמאַטערטע, אויסגעזאָטע־נע ניו־יאָרקישע מענטשן, הייזער, שטיינער און גאַסן . . . צוקאָפּנס, — אונטער די פּלייצעס, פּליסט מאַיעסטעטיש דער האָדסאָן, צווישן די ניו־דזשויר־זער פּאַליסאַדן בערג אין אַ ליילעך גרינעם פּאַרק־פּאַס פון ניו־יאָרקישן ברעג. אַ פּליער מיט אַן עראָ־פּלאַן טראָגט פּאַנאַנדער אַ ווינטל, אויסצוקושן די באַקן ביי די מידע מענטשן־קינדער.

די בינע־פּאָרהאַנגען טרינקען זיך אין פאַרבן:— הימל־גרוי, גרין, ים־שוואַרץ, בלוי, שטיין־ברוין, ליפּן־בלוט, פייער־רויט.

אַ גרענד־קעניאָנישער שפּיל אין פאַרבן־טאַנץ!... די פּאָרהאַנגען — אָנגעצונדענע פעלדער! — פלאַ־טערן צעצונדענע פעלדער־פאָנען צום הימל!

טענצער פֿליען אין דער לופֿטן.

טענצער פֿאַלמעסן דעם רוים מיט פֿויגלשן שוואונג.

ליבע. האַס. פֿרייד. טרויער. גליק. טראַגיק. אויסלייזונג. אונטערגאַנג.

פּערפֿעקטער מענטש אין פֿורעם פֿון גאָט!

שיינער, וואונדערלעכער מענטשלעכער קערפּער. גאָטס געשאַנק פּער־עקסעלאַנץ!.. ראַפּסאָדישער שוואונג!

— — — — — — — — — — — —

די מוזיק.

די מוזיק לייטערט די נשמה. היילט! ברענגט מוט. וואַרפֿט אין יאוש. איך וויין אין פֿאַרצווייפֿלונג. גאָט, מיינע געטער צעבראָכן! מיין פֿאָלק אויסגעקוילעט! מיינע שיפֿן אונטערגעגאַנגען! פֿאַטאַליש ציי איך זיך אוים אויף דער מאַמע־ערד. גראָב פֿאַר זיך אַ גרוב. אָ, גוטע מענטשן, פֿאַרשיט מיך מיט ערד!

יתגדל ויתקדש!

איך דערוואַך! איך רייט פֿייל און בויגן אויף אַ וויסן פֿערד. פֿון קאָפּ ביז פֿיס באַוואָפֿנט פֿאַר מלחמה. מיט מוט און וואָפֿן פֿיר איך דאָס פֿאָלק צו גאולה. שלאַנקע, יונגע מיידלעך זינגען מיינע באַנער־טרעגער. זיידענע זאַלבן פֿאַלדעווען זייערע לייבער און פֿרישע ערד־שטויב קושט זייערע טריט. נאָך זיי גייט נאָך דאָס פֿאָלק צו זיין גאַרונג.

— — — — — — — — — — — —

אויגוסט, 1948

אימפּרעסיעס פֿון אַ קאָנצערט אין לואיסאָן סטאַדיום.

# ליבע

ליבע — אַ בלויער פֿויגל,
מיט פֿליגלען וואָס באַשירעמען דעם הימל;
מיט זון צו גאַסט ביים טיש
מיט פֿרוכט און אויבסט און קאָרנברויט מיט קימל.

ליבע — אַ שיין מיידל
מיט צעכראַסטעטע האָר אינם תאוותדיקן ווינט;
אַ פֿעלד אינם גרינעם שבת,
וואו ס׳פּאַשען זיך שאָף און רינד.

ליבע — אַ שעפֿעריש געזאַנג,
אַ געשאַנק פֿון צירונג;
דו גיסט מוט און קראַפֿט, —
גענעזונג ביי דיין באַרירונג.

# בלויע ים־פייגל

בלויע ים־פֿייגל, גראַציעזע פּרינצעסינס אויף
פֿליושענע כוואַליעס,
שווימען מיטן הימל אינם בלוי־שוועבנדן פֿלאַם;
זיי שוימען — די ווייסע שטורמישע טאַליעס —
פֿונם בלוי־אויגיקן טאָג, וואָס קוקט אַרוים פֿונם ים.

פֿאַנטאַמימישע פֿליגלען פֿון הוידענדיקע פֿייגלען; —
מיינע בלויע טרוימען אין האַרבסטיקן פֿאַרנאַכט.
איך בין אויפֿן ברעג. מיינע געדאַנקען זעגלען
אין גראַדיקן פֿליען פֿון בלויען פֿאַנטאַסטישן פּראַכט.

בלויע ים־פֿייגל שיבערן מיט זייערע פֿליגלען
מיין בלויע נשמה, מיין אומרואיש זיין...
געזאַלצענע וואָלקנס אויף גאָלדענע זעגלען
באַגלייטן דעם שטאַרבנדן טאָג מיט איינשלעפֿענדן
בלויען וויין.

— — — — — — — — — — —

בלויער אָקטאָבער. ביי ראַקאָוויי ביטש, מיט
אויסגעקעמטע בלויע זאַמדן
פֿאַרלאָזענע ברעגן פֿון בלויע חנ׳פֿולע טריט.
מיין ליד אַליין, ווי אַ בלויער בעטלער אַ למדן,
מיט אַ טשאַטע בלויע פֿייגל הויבט זיך אויף און
פֿליט . . .

אָקטאָבער, 1950

אויף אַ באַזוך ביי טעדין, ביים ים-ברעג אין האַרבסט, — ווען מענטשן צעפליען זיך קומען אָן די פייגל.

— — — — — — — —

***

כ׳בין נישט קיין „באַלאַנגער״,
נישט — דאָ און נישט — דאָרטן.
אַ פּרימאָרגן־שטראַל פֿאַרכּישופֿט מיך,
ווי אַ ציגיינערין אירע קאָרטן.

אידעאַלן? „אַ, ווילדערנישן!״
מיין אידעאַל: — אַ מיידל, מיט אַ סיגאַרעט אויף
עלעוויטאָר קנאַפּל.
די ליבע לעבט אוים די אייביקייט
אין בליק פֿון אַ צאַפּל.

העי, מיסטער, אַ דאָלער אַ טאַנץ!
פֿאַר טויזנט טינט מען אייך אָן אַ יובילײ.
די וועלט עקסהיביצירט זיך אין אַ טראַנץ, —
און די שטערן פֿונם הימל פֿאַלן ווי שניי.

# ערב טאָג ווערן

אויפֿגעלייזטע לאַנגע נאַכט שאָטנס
פֿאַר די אָנקומענדע שטראַלן —
גיי איך אַרויס אין גאַס
צו פֿאַרזוכן דעם טעם
פֿון די ליכט־כוואַליעס פֿון טאָגס ים,
אויפֿצונעמען די עכאָס
פֿון די וועגן
פֿון שטאָטישן שום;
האָט זיך מיין אָרכידעאישע נשמה
צעשפּילט אין רעוועליאַציעס,
מיט רעגנבויגן פֿאַרבן אין מיסטעריעזע
האַלוציניאַציעס.

אַ טאָג שטערן
האָט מיר אין שטערן געקושט
און אויפֿסניי מיך געמאַכט געבוירן ווערן.

כ'האָב גענומען שטייגן,
כ'האָב גענומען פֿאַלן,
און מיין גאַנצער וועזן האָט גענומען שאַלן.

אינמיטן אַ פּענעץ אויסגעוואַשענער זון,
אינמיטן גאַס
אין רויטן ליכט פֿון בלוי און וויים
האָב איך גענומען זען
אַ זעאונג.
אַ זעאונג אַזוי פּשוט אין מיטנוואָכעדיקן געשען: —
פּנים אל פּנים,

האָב איך היינט געזען גאָטס פּנים!

— — — — — — — — —

אָ, די הייליקייט אינמיטן טראָטואַר.
און דאָ שווימט נאָר אַ מיסטקאַסטן
אין אַ סימבאָלישן טולפּאַנען־טייך
פון אָנפליסנדע
הענט און פּים ווירוואַר!

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

פון אונטער טענעמענטס מיט נשמה־פולע מענטשן
זיינען נישט אויסגעלעבטע שלעפער אָנגעלאָפן
אַנטקעגן דעם טאָגס לעבנגעשאַנק
צונויפּצושלעפן געהאַלט,
אָן ליבע, אָן שטערן: —
שטום און קאַלט.
און אַפילו קיין בליק ניט געשאָנקען
זיין וואונדערלעכן געזיכט —
זיין לויטערן געשטאַלט!

אַפּריל, 1951

# עקסטאַז

אַנדערע לעבן אין אַן עולם התהו.
אַנדערע — אַן עגל הזהב האָבן זיך אויסגעמאָלט.
איך, אירע רונדע פֿאַלדן פֿון פֿרויאישער פֿאַרשייטקייט
האָב בלויז קושן געוואָלט.

מיין עקסטאַז — אַ פּייערזייל תאווה!
מיין באַגער דורשטיקט נאָך איר לייב.
אַ שקלאַף, מיין אַפּראָדיטע, דין איך באהבה —
אַבי, זי זאָל מיר נאָר זיין אַ ווייב.

איר רייץ פֿאַרצערט מיך אין פֿלאַמען.
אירע גלידער פענטען מיך צו דער ערד.
מיט גלוסטונגען צו שטאַרבן בין איך באַשטאַנען;
מיט אַזאַ טויט־געשאַנק, מיין לעבנס־גליק, זיי מיר
באַשערט!

# צו אַ זינגערין אויף דער ראַדיאָ

דיין תאווהדיק געוויין־געזאַנג שיכורט אָן די לופֿט
כוואַליעם מיט באַגערונג,
פֿאַרבט אוים די וואָלקנס מיט בלויען צער.
די שטערן בוקן זיך
אין געפֿאַנג, —
אין פֿאַרפֿירערשער יונג־ווייבלעכער געפֿאַר.

דיין שטים וויזיאָנירט בלוטן פֿאַנאַנדער,
אין וועמעס ערדיש־זיסע בענקשאַפֿט האָט
אַנטפּלעקט זיך אין רעגנבויגן קאָלירן, —
דיין געוויין געזאַנג, —
דיין קול פֿון נאַט.

פֿאַרכישופֿטער שטומער ענטפֿער מיינער!
האָסט געבראַכט אומרו־רו, עשירות אָן אַ שיר,
אויף דיין האַלז אַ געהאַנגענעם,
פֿאָעטין פֿון קלאַנג —
דעם שיכור — אין מיר: DEAR.

# רויטע ליפּן

רויטע ליפּן.
פֿון זיי טריפֿט בלוט, סם און וויין.
אויסגעזויפּטע פֿייער־זיילן קושן, —
וואָס שלינגען איין.

ווער קען פּרואוון זיין ווערט צו די שטערן?
פֿאַרוואָס איז ליבע שטאַרקער פֿון טויט?
אין געפֿאַנג־נעץ פֿון רויטע ליפּן,
אינם פֿיבער פֿון אַ פֿאַרשייטער מויד.

רויטע ליפּן ווייגען ווי צאַרטע פֿינגער
מיט דזשולעפּ־זאַפֿט אין באַגערטן פֿלאַם.
איך ברען זיך אויס אַ באַפֿרויטער
מיטן געטראַנק פֿון רויטע ליפּן־טעם.

# עקזאָטיק — עראָטיק

איך דערוואַך מיטן טאָגס פֿלאַמען,
מיין סענסואַליטעט האָט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון
נאַכטלאַנד צירק.
מלאכים פֿון פֿרייד, מלאכים פֿון טרויער —
בלינדע אימאַזשיסטן פֿון אוניווערסאַלע רייד.

מיין יונגפֿרוי ברענט אין פֿייער־גיהנום פֿון תאוות,
אירע עלאַסטישע לייבקנייטשן גליען, וויינענדע
אויגן — רויט.
אַ שיכורער פֿאַל איך אויף די טראָטואַרן
אין מיסטעריעזן שלייער־טאַנץ פֿון לעבן און טויט.

איך אילומיניר די ערלעבקייט מיט געטלעכע
סענסאַציעס.
איך צעשאָב די עראָטיק מיט ווילדן דורשט.
נאָך העכער פֿון וואָלקנס פֿליען בערג פֿאַרלאַנגען
אויף די פֿליגלען פֿון ליבע און אויפֿבליק פֿון
ווייבלעכן רייץ.

מאַרטש, 1951

# מיין מאַמע

שטאַרקער פֿון אַלץ אין דער וועלט
האָט מיין מאַמע ליב אירע קינדער.
געקומען איז מערדער היטלער־גנב,
און מיין מאַמע וויינט אַצינדער.

פֿון קינדער זאַלבעאַכט —
געבליבן איז איר פֿיר;
פֿאַר יעדן קינד, וואָס האָט זיך פֿאַרקייכט
די מאַמע זאָגט „אוי מיר זאָל זיין פֿאַר דיר."

אויף יענער זייט ים,
אויף עשיום טריפֿענער ערד,
געברענט האָט איר שטאַם,
געקאָסעט האָט די שווערד.

מיין מאַמעס געביין —
פֿיר זין און פֿיר טעכטער,
אידעמס, אייניקלעך זיינען געווען.
גאָט, פֿאַרוואָס ביזסטו אַזאַ שלעכטער?

אַ גרויסע משפחה
פֿיר ברידער און פֿיר שוועסטער —
אַלעמענס בראָך איז גרוים
נאָר מיין מאַמעס איז דער גרעסטער.

# צוויי אויף אַ שפּאַציר...

צוויי אויף אַ שפּאַציר —
איין האַרץ, איין נשמה צעשפּאָלטן אין צווייען.
זיי שווייגן. אַ ווינטל רוימט איין אַ סוד
מיט אַ ווינט־קוש, וואָס זיי פֿאַרשטייען.

זיי שווייגן, נאָר די לבנה ווײנט, ס׳זינגען די שטערן.
מיט ליבשאַפֿט בליען אויף די שטיינער.
די נאַם מיט קנאה באַוואונדערט: —
„אַזאַ פּאָרל האָט נאָך נישט געזען קיינער.״

אָוונט שפּאַציר אין טונקעלן גלי.
מידער טאָג איז געווען זאָרגפֿול שווער.
צוויי אין איין שטילן טלי
באַשטראַלן די נאַכט מיט זייער יעדן קער.

# פּאַיקס פּיק, קאָלאָראַדאָ

בערג
בערג
בערג
בערג — גיגאַנטן פֿייגל ; —
גבורים, קאָלאָסן אויף פֿלינגלען,
קאַטשענדיקע,
פֿליענדיקע,
שוואונדיקע,
איבער טאָלן,
איבער הימלען,
אויף וואָלקנס
רייטנדיקע.
בערגשפּיצן אין יוני,
מיט ווייסע שניי־מיצלעך,
אויף ווינטיקע קעפּ,
גאַלאָפּירן
און גלאַזירן
דעם אויטאָנאָמישן
אַרויפֿהויבנדיקן רוים.
רינגבערג,
קייטנבערג
אין באַרגלאַנד
פֿליאָסקען, טאַנצן,
שפּאַלטן זיך,
שפּאַלטן זיך,
אין קאָראַלנפֿעלזן
עט אין די הויכקייטן,
עט אין די ווייטקייטן,

אַרויפֿצו —
אַרויפֿצו —
קושן און האַלדזן
די פּאַסמעס
פֿון הימלס מיסטעריעזע פֿאָרהאַנגען.

פֿון דער הויך: —
ראַפּסאָדיעס אין פֿאַרבנשפּריצן,
אין „די גערטנער פֿון די געטער",
גרינקייט פֿאַנאַנדערגעגאָסענע,
פֿאַר־מבולדיקע רויטקייט,
עטיודן אין קאָלירפֿולן רעגן: —
ברוין, פּורפּל, בלוי און זונגאָלד,
אויפֿשיינענדיק,
אויפֿוואַכנדיק,
אויף די ראָזעווע
רויזן־רויטע ראָקים
ביי די זילבער פֿאַרחלומטע ראַנדן,
וואָס פֿאַרסטריגעווען
ערד און הימל.

פּאַיקס פּיק!
בערג אין טאַנץ,
בערג אין געזאַנג
הילן דורותלאָזע קראַצערס
אין די שפּיגלען
פֿון דער אייביקייט.

יוני 1925 — יולי 1951

# „ר י י כ ק י י ט"

## ליד אין פראָזע

אַ פֿרוי זאָגט: —

— איך האָב אַ נייעם רעפֿרידזשערייטאָר.

— אַ פֿולן לעבנסמאָס, טעלעוויזשאָן סעט, דער לעצטער מאָדעל אויפֿן מאַרק פֿון זעאונגען.

— מיין מאַן האָט ערשט געקויפֿט אַ ניינצן איינ־און־פֿופֿציק „ביואיק". ער פֿליט אַזוי שנעל און שוואונגיק איבער שליאַכן, בערג און טאָלן, ווי אַן עלאַסטישער פֿויגל.

— איך האָב די שענסטע היים אין רייכסטן געגנט פֿון שטאָט.

— פּערסישע טעפּיכער באַצירן מיינע דילן.

— צוויי צוועלף־קאַראַטדיקע דימענטן־רינגען שימערירן אַרויף פֿון מיינע פֿינגער.

— ווייסע פּערל באַשיינען מיין האַלדז.

— מיינע שאַפֿעס ווערן צעפּלאַצט פֿון די שענסטע זיידענע קליידער פֿון דער לעצטער מאָדע; פּובקע ניילאָן אונטערוועש, פּאַדזשאַמעס אין תאוה־דיקע ריחות, אילומינירנדע רעגנבויגן פֿאַרבן טאַנצנ־דיקע שיך: — גלעקלעך אויף מיינע פֿיס.

— איך פֿאַרמאָג אַ ווייסן פֿוטער־מאַנטל פֿון פּערסישע לעמער און אַ ברוינעם—פֿון סיבעלשע פֿעלן.

— מיין מאַנס פֿאַרדינסטן דערלויבן מיר זיך צו פֿאַרגינען די וועלט זאָל מיך באַדינען.

— איך באָד זיך אין מאַטעריעלן לוקסוס און גלאַנץ אין אַלעמען וואָס געלט קען נאָר קויפֿן.

— און דאָך בין איך אייפֿערזיכטיק אויף מיין אָרעמער שוועסטער, אַ פּשוטן גראָסערימאַנס פֿרוי.

— אַנומלטן האָב איך זי באַזוכט אין איר געדונגענעם זומער־פֿאַרם־קעבין: — איר וואַקאַציע גן־עדן.

— אַלטע צוזאַמענגעקלאַפּטע נישט געפֿאַרבטע ברעטער.

— אַליין צווישן בערג אויף דער איינזאַמער נאַטור.

— די זון, די לבֿנה, די שטערן באַהיצן זי און באַלויכטן זי.

— אַ פֿאַרביילויפֿנדיק וואַסערל פֿון די דרימלענדיקע בערג איז איר באָד־צימער.

— דער רעגן, די ערד, דער הימל, די וואָלקנס, דיביימער, די פֿייגל, די פֿרעש, די אינזעקטן, זיינען אירע טעלעוויזיע קאָנצערטן־פּאַנאָראַמעס.

— זי קושט זיך מיט די ווינטן פֿון די בערג און האַלדזט זיך מיט די גאָלדענע זון־שטראַלן אַ נאַקעטע אויף די ווייס־אויסגעוואַשענע שטיינער אין וואַלד ביים טייכל.

— יעדעס גרעזל, יעדער פֿלאַנץ, יעדער קנאָספּ, יעדעס ווילד נישט־געצערטלט בלימל, יעדעס ווע־

רימל, יעדעם צווייגעלעם שאָטן אויף די פאַרלאָזטע שטעגן און וועגן פון דער רויער נאַטור איז איר אַזוי ליב און טייער.

— זייער אַראָמאַט זיינען אירע פאַרפיומען.

— זי אָטעמט מיט זיי. זי ניט זיך זיי איבער מיט דער נשמה, מיטן גאַנצן האַרצן, ווי אַ פאַרליבטע איר געליבטן.

— זי פלאַמט מיט אַ ליבע־פייער צו איר מאַן, דעם פאַרליבטן אין איר, וועלכער לעבט זיך אוים אין אַ וועלט פון חלומות וועגן גאָט, ליבע און פאָע־זיע, אין אַ וועלט פון אומרעאַליסטישע רעאַליטעטן.

— זי איז באַזעלט מיט גליק מיין אָרעמע שוועס־טער, וואָס איז נאָך פיל רייכער פון רייכקייטן...

— — — — — — — — —

עקאָרד, נ. י., יולי, 1951

מיין חייקעלען — אַ געשאַנק.

# צינד אָן די פאָן, יהודית

צינד אָן די פֿאָן, יהודית,
צעווייג דעם הימל מיט דער זון אין טאַנץ!
צינד אָן די פֿאָן, יהודית,
באַגאַרטל ישראל מיט אַ גבורים־קראַנץ!

צינד אָן די פֿאָן, יהודית,
אומאַרעם דיין פֿאָלק מיט דיין פֿלאַם!
צינד אָן די פֿאָן, יהודית,
קוש אוים די עולים פֿון מדבר. קוש אוים די עולים
פֿון ים!

נאָוועמבער, 1946

# די פיר געהאַנגענע

תליון. נאַכט.
פֿיר צעשלאָגענע
ווערן באַוואַכט.

בלוט און געזאַנג
וואַשן עכו'ער תפֿיסה ווענט.
פֿיר יונגע העלדן אין לעצטן גאַנג
רייסן זיך פֿון תליונס הענט.

דוב וויל אַ רב, אַ באַגלייטער.
דוב וויל זאָגן אַ תּפֿילה צו גאָט.
מיט רגזון שלעפּט אים תליון צום לייטער —
צום שטריק, צום שלייף, צום עשאַפֿאָט.

דובם קאַרק שטריקט און ווערט נישט צעבראָכן.
תליון — אַ פּחדן, אַ שרעק!
געהאַנגענעמס וויג צו הימלען פֿאַרקראָכן,
אַראָפּצוברענגען דובן מוז תליון מיט אַ זעג.

פֿיר געהאַנגענע: דוב, מרדכי, דוב און אליעזר
קאַשאַני —
מיט זעקם מיליאָן קדושים זיי שטעלן זיך אין ריי;
פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן בעווינס בריטאַניע
פֿון תליות רופֿן זיי: „עם ישראל חי!”

מאַי, 1947

דער גרויסער פּאַרמעסט.
. . . און ענגלאַנד האָט געוואַגט!

# פאַר דיר, ירושלים

דער ים איז ווייט פֿון די בערג.
דער פֿלאַם איז נאָענט צום פֿייער.
די פֿאָן פֿלאַטערט אויף דער זון.
פֿאַר ירושלים איז דאָס לעבן נישט טייער.

דער רייטער באַהערשט דעם מדבר;
דער ווינט ווינטשט מזל־טוב.
מיט דער יוגנט פֿון יהודה טאַנצט די לבנה;
מיט גאָט אינמיטן פֿון אָנהייב־וועלט ביזן סוף.

מאַיעסטעטיש פֿאַלט דער אייזערנער פֿויגל.
תּליות וויגן זיך צום זון־אויפֿגאַנג.
מיטן יום־טוב גייען אויף קדושים־דורות;
און פֿון באַוואַסערטן מדבר — דער ערשטער זאַנג.

נאָוועמבער 29, 1947

די יו-ען האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע פאַר אַ אידישער מדינה.

# בלוט און אויל

בלוט און אויל שפּילן אַ סימפֿאָניע.
יהודהס בלוט טרינקט זיך אין אַ „פּייפּ־ליין” אויל.
אויפֿן פּאַרקאַן זיצן זיינע מאַיעסטעטישע קראָען,
און שיסן פּחדניש מיט פֿאַרסמטער קויל.

אָ, גאָט! אידם בלוט איז אַזוי ביליק!
און גראָבער אויל — אַזוי שאַנטאַסטיש טייער!
מיין פֿאָלק געבראַכט האָט אַ קרבן, —
אַ העלדישע יוגנט אין בלוט און אין פֿייער.

בלוט און אויל ברענען!
די יו־ען היט דעם פֿלאַקער.
אַ שאַנד אויפֿן בריטישן ברינאַנד
אין ירושלים און אין עכו!..
— — — — — — — —

פעברואַר, 1948

אַ זונטיק בייטאָג. אויסגעלאָשן איז געוואָרן די מוזיק. דער אַנאָנ-סירער אויף דער ראַדיאָ איז מודיע, אַז די אַראַבער מיט ענגלאַנדס הילף האָבן אויפגעריסן די אידישע אַגענטור אין ירושלים.

# וואָפן־שמוגלאַרס

(„פינף אידישע יונגעלייט זיינען אַרעסטירט געוואָרן אויף
קלאַגע פון אָנלאָדן אַ טראָק געווער פאַר ישראל...")

פון די ציימונג-נייעס, נאָוועמבער 26, 1948.

דער זיינער גייט,
דער זיינער שטייט; —
די יוגנט קאָן נישט שלאָפן.
דער הונט צעביסן האָט די קייט; —
אידן דאַרפן וואָפן!

רויטע בלוט־ביימער ברענען;
דורכן פייער וועט איר דעם אַלטן וואַלד נישט
דערקענען.

הידד!

מיט גבורה וועלן אידן זייער לאַנד דערווערבן; —
אונזערע באַיעם וואָפן־שמוגלאַרס זיינען!
— — — — — — — — —

מיין יאַנקעלען געווידמעט

# מלכות ישראל

ישראל בלאָזט שופר. ישראלס רוף צו דער טויט־
שלענגערשער וועלט:
שמע ישראל!
היינט האָסטו פֿון בלוט און פֿייער אויפֿגעשטעלט —
מלכות ישראל!

פֿאַר מלכות ישראל, פֿאַר אַ פֿרייען הימל.
פֿאַר אַן אייגענער זון און אידישע שטערן;
פֿאַר עמאַנציפּירטער ערד און אונזער הייליקן גימל! —
פֿאַרן רעכט פֿון אידישע קינדער געבוירן צו ווערן.

ישראל, דערוואַך! דיין זון גייט אויף אין פֿלאַמען,
דיינע מחנות גאַרטלען אַרום דיין מלוכה ווי אַ
פֿעסטונגשטיין;
פֿון מערב און מזרח קומען שיפֿן איבער ימען,
ס'גייען ישראלס גבורים, — ס'גייען און ס'גייען!

מאַי 16־טן, 1948

ווען די אידישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן.

# מעפּילים

פֿון פֿאַרוואָרלאָזטע שליאַכן,
פֿון אויסגעפּאַשעטער רויטער ערד,
פֿון אַ ים־שריפֿה און אַ מבול־טייכן —
מעפּילים זיינען עולה, ווי משיח אויפֿן פֿערד.

פֿון וואַכנאַכט אינם קאַלכאויוון.
מיט פֿאַרבענקטע פֿעדים אינם צאַרטן וואָגל.
גאולה שטילט דורשט ווי רעגן צעברענטע שויבן,
און שיכורט מעפּילים מיט אַלטן ווין פֿון אַ נייעם לאָגל.

די כלה ישראל זיינען זיי מחדש;
אינם חלום פֿון ארץ ביי דעם אבות־ברעג.
געוויינט האָט אַ מאַמע ביים זונס קדיש,
ביים געבוירנווי אינם מזרח אָן צאַפּל, אָן שרעק.

אָקטאָבער, 1948

# די דריי אַלטע אידן
# מיט ווייסע בערד

איך הערט
ס׳באַשערט, —
אַז דריי אַלטע אידן מיט ווייסע בערד
זאָלן ברענגען משיחן
און נישט אויף קיין הינקעדיקן פערד!

דורות אָבות שטויב
אין מדבר גלגול וואַכט.
צוואַנציק קעמפּער אין נגב
מיט טויזנט מצרים
אין אַ לעגענדאַרישן שלאַכט.

די אבידה פון דריי
האָט דעם שונאס ריי
געהאַמערט באַרג און שטיין.
און אין מלחמה־תהומישן געשען
געמיט האָבן זיך זכות אָבות אויפסניי.

צו זיבעצן ברענענדיקע געשטאַלטן
געקומען זיינען די אָבות די ליניע צו האַלטן.

דער טאַטע אברהם
האָט פאַרלאָזט ס׳געצעלט.
יצחק פליט
פון דער עקידה וועלט.
זיינע שאָף און ווייבער
האָט שוין יעקב נישט געפיט.

צום שלאַכט מיט פּרעהס אַראַבער
אַלע דריי יאָגן.
מיט ווינט אין די בערד,
און צעכראַסטעטע לייבער.

מיין מאַמעס —
אָ, נאָט פון אברהם, יצחק און יעקב
האָבן דערוואַכט תחית המתים.

אַלטע דעמבעס, ווי יונגע אָדלערס,
דערהויבענע זוניקע פּנימער —
מיט מאַשין־ביקסן אין די הענט,
פון שוואַנגערע חומש נעפּלען,
אין ווינגדיקן מאָמענט
באַשיצן די זיבעצן
מיט פייער ווענט.

דיספּוטירטער הימל —
חלוקה ערד. די שווערד —
די צייט.
אין פייער אויסבייט.

גבורה־גסיסה.
נאָכאַמאָל ! . .
צום לעצטן מאָל ! ! ! . . .
— אָ, זע ! ס'קומען
לויתנס אָבות !
מיט צעגליטע הערצער,
מיטן הייסן שטאָל.

נייע שלאַכטער : —
— עת־צרה וואַכטער.

אַלטע ריטער
פֿלאַמען שונא,
אייניקלעך באַהיטער!

פּלוצים!
אין העלן פֿלאַקער שלאַכט.
פֿון שונא פֿלאַטערט
אַ פֿאָן אַ ווייסע.
משיחס צייטן! — אָבות ניסים!
און נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה.
— — — — — — — —

דעצעמבער, 1948

געבויט אויף אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אידישן קעמפער".

# ישראל אין מלחמה

פֿאַרבליאַנעט ליגן די פֿעלדער.
דער אַקערער — אַ מידער סנאָפּ.
הימל פֿלאַמיקער פֿאַרמעט.
צו גאָט אַ קרבן גיב דיין קאָפּ!

פֿאַרבלוטיקט איז די אידישע גאולה.
מלחמה־שלאַנגען וויקלען זיך אויף דיין שווערד.
— אַ פֿאַרפֿייניקט פֿאָלק מעטאַמאָרפֿאָזירט אין גבורים
פֿון געטאָס צו באַפֿרייער פֿון אָבות ערד.

אָקטאָבער, 1948

דער אויסגוס פֿון דער אידישער רעוואָלוציע.

# דו האָסט אַ האַנט!

עפּענער פֿון נייעם אידנשטאַנד.
פֿאַרווישער פֿון דער גרויסער שאַנד.
דו האָסט אַ האַנט!
דו האָסט אַ לאַנד!

בלאָז דעם שופר. צי די שווערד.
חשמונאים אייניקלעך — ווינט און ערד.
דו האָסט אַ האַנט!
דו האָסט אַ לאַנד!

גאָטס האַנט. גאָטס טאַט.
נס ישראל שאַלט פֿון נאָענט און ווייט.
דו האָסט אַ האַנט!
דו האָסט אַ לאַנד!

מנחם בעיגינס אַ רעדע אין ניו-יאָרק. נאָוועמבער, 1948

# צום יאָרצייט פון אַ העלד

מיט דיינע פֿינגער האָסטו געצילעוועט שטערן.
דיין קול האָט אויפֿגעוועקט די בערג.
דיין חלום האָט געקראָגן פֿליגל,
און ביזסט מיט זיי אָפּגעפֿלויגן אויף אידישע מערק.

מיט דיין נאָמען וועלן מאַמעס בענטשן זייערע
קינדער.
אין דיין יאָרצייט־טאָג וועט רויט גאָלד שפּריצן
פֿון דער זון.
קער אים אום, אָ, גאָט פֿון ציון!
אין יזכור טאָג, מיט תפֿילות צום דאַווענען דערפֿון.

— — — — — — — —

דוב גרונערס ערשטער יאָרצייט. אַפּריל, 1948

# בלוט אין צעמענט

צווישן טאָג און נאַכט איז בין־השמשות.
צווישן ים און ים איז אַ קאַנאַל.
צווישן ברעגן שווימען יהודהס שיפן.
אין גאָטסלאַנד קומען יורשים אומלעגאַל.

אונזער יוגנט קעמפט, ווי אין די טעג פון די נביאים.
אונזער וואָפן מוז קומען ניט צו ווינציק און ניט צו שפּעט.
דער בלוטשטיין איז אויפן וואָגשאָל איצט געפאַלן.
פון די בערג, די זון גייט אויף און פאַרגייט.

גאָטס לויב אויף געפאַלענע העלדן!
זייער לעבן: — נאָך העלער ווי דער שענסטער דימענט!
יהודה וועט אויפגיין און וועט בויען,
מיט בלוט געקנאָטן אין צעמענט.

— — — — — — — —

דעצעמבער, 1947

אונ די מדינה וואַקסט.

# ישראלס העלדן — בראָנקס, יו־עס־עי

יונגע אָדלערם פֿליען צו באַפֿרייטע הימלען —<br>
יאַטן טייערע פֿון בראָנקס, יו־עס־עי.<br>
יורשים פֿון בר־כוכבא מיט גבורה אין מלחמה.<br>
העי, אַמעריקע, וואַט דו יו סעי?!!!

פֿאַרליבט, פֿאַרשיכורט איז די יוגנט.<br>
יונג־ישראל אין אַ זיידן קלײדל;<br>
פֿאַר דיר העלדיש קעמפֿן די בחורים,<br>
ווי פֿאַר אַ שיינער, שלאַנקער מיידל.

פֿלאַם און בלוט אויף פֿאָטערשע שליאַכן, —<br>
פֿאַרזייטע יוגנט על קידוש־השם.<br>
זון־אויפֿגאַנג וועט אייביק אויף אייך וואַכן<br>
און וואַרמען אייער אָנדענק פֿון בראָנקס ביז צו שכם.

יולי, 1948

משה געבערער — צו זיין ליכטיקן אָנדענק, געווידמעט.

# פסח געזאַנגען 1949

פסח געזאַנגען צו מיינע ברידערלאַך,
פסח געזאַנגען צו מיינע שוועסטערלאַך.
זיסע געזאַנגען צו מיין פֿאַרשניטענעם הויזגעזינד!
איך גיי זיי אויפֿוועקן
און זיי דערציילן,
אַז אידן זיינען שוין אויסגעלייזט אַצינד.

איציק, לייבוש, ניטל, יאַכעד —
מיין קרעמעניצער קיבוץ אחד.
נישט באַשערט זיי
גאָטס ווערט
צו באַטרעטן די ליקוי חמה ערד.
נישט באַשערט זיי
צו טרינקען
פֿון דורשטיקע גלוסטונג און נצחון וויין,
פֿונם קאַמף
פֿאַרן לעבן און זיין.

הגדה של פסח. וואונדער און פֿרילינג.
עבדים היינו. געווען אַזאַ געזאַנג.
כל דכפֿין — גאולה און ליבע
זאָל זיך אומקערן
פֿון געטאָ געפֿאַנג.

# אַ געבעט

אָ, גאָט, באַהעפֿט זיך מיט מיר.
נים זיך איבער אין מיר און איך — אין דיר.
צוזאַמען, ווי איינער, וועלן מיר גיין
צו וועקן דעם מענטשן — זיין האַרץ פֿון שטיין.

דיינע קערבּ זיינען אָנגעפֿילט מיט גאָלד און ברויט —
ווער טוט זיך דאַמיט דאַבּלען ביז צום טויט ?

אָ, גאָט, הערסטו נישט
ווי עס יאָמערט דער מענטש און ציילט זיינע
רענדלאַך אין געצעלט,
און שילט דיך, ווי אַ וואָלף אין פֿעלד ?
— — — — — — — — — —
איך בין נע ונד...
דערטרונקען איז מיין גאָלד מיט מיין שטאַם
און מיין תּפֿילה צו דיר איז אָן פּלאַם,
אַזוי זיך סתּם : —
פֿון אַ בעטלער־תּם.

צו די אָלימפּישע קמצנים.

# איבעראַל...

איבעראַל שיינט שיין די זון,
נאָר אַמשענסטן שיינט זי אין ישראל;
איבעראַל זיינען דאָ לויטערע הימלען,
נאָר אַמלויטערסטן זיינען זיי אין ישראל.

איבעראַל שיכורן טויען די פֿעלדער,
נאָר פֿאַרשיכורט זיינען זיי אין ישראל;
איבעראַל פֿאַרבאָרגן בערג סודות,
נאָר סודותפֿולער זיינען זיי אין ישראל.

איבעראַל קושן ים־כוואַליעס די ברעגן,
נאָר אַמליבסטן קושן זיי זיי אין ישראל;
איבעראַל הילכט אָפּ די לופֿט מיט געזאַנגען,
נאָר אַמשטאַרקסטן זינגט זיך דאָס ליד אין ישראל.

איבעראַל לעבן אידן,
נאָר זייער לעבן האָט זיך צעבליט אין ישראל;
איבעראַל חלומט מען פֿון צדק און יושר,
נאָר פֿאַרווירקלעכט איז דער חלום אין ישראל.

געשריבן פֿאַר מיין ליבער שוועגערין ריווע, נאָכדעם ווי זי האָט מיר אויסגעמאָלן אַ רעדע פֿון אירן אַ יוגנט-לאַנדסמאַן, ברוך רעטשקעבליט, אַ תושב פֿון ישראל ביי אַ מיטינג פֿון דער סאָלאָפּקאָוויצער סאָסייעטי.

# אַרום „גאַרדן"

## ליד אין פּראָזע

ס'נישטאָ קיין גרענעץ צום פֿאָלקס גליק. די פֿרייד גיסט זיך איבער די ברעגן און פֿאַרפֿלייצט די שטאָט, אַ נייע פּרימאָרגן־זון פֿאַרפֿלייצט דעם ערד־קוגל מיט וואַרעמע שטראַלן. אַ חלום ווערט אַווירקלעכ־קייט!

דאָס האַרץ פֿלאַטערט — אַ פֿאָן אין פֿלאַמען!

— „מענטש, לייג דיין אַרבעט אַוועק און יובל"!

דער אייביקער איד מאַרשירט ווידער, מיט לעבן, מיט יוגנט, מיט גאָטס אומבאַזיגטער קראַפֿט!

ווי וואונדערבאַר ס'איז צו זיין אַ איד!

אַ ניאַגאַראַ־פֿאַל־מענטשן שטראָמען היינט צום גאַרדן.

דער גאַרדן, פֿאַרגאָסן און פֿאַרפֿלייצט, גיסט זיך אַריבער פֿרילינגדיק, מיסיסיפּיש אין די אַרומיקע גאַסן מיט געזאַנג און טאַנץ פֿון פֿלאַמיקע הערצער.

יוגנט, יוגנט, יוגנט, אויפֿגעוואַכטע, קרעפֿטיקע, באַוואוסטזיניקע אידיש־אַמעריקאַנישע בחורים און מיידלעך קומען צוריק צו זייער פֿאָלק, צו זייער שטאַם, צו זייער גאָט. און זיי שטעלן זיך אין דער ריי אינם קאַמף פֿאַרן פֿאָלקס קיום, אינם קאַמף פֿאַרן לעבן פֿון מדינת ישראל.

פֿון זייערע הערצער הער איך אַ מיליאָניקן רוף:

— „הערט זיך איין! הערט זיך איין! אידן פֿון מדינת ישראל, אידן פֿון איטאַליע אין דערוואַרטונג צו עולה רגל זיין, אידן אין דער פֿאַרבלוטיקטער דייטשלאַנד אָנגעזאַפּט מיטן אָטעם פֿון נקמה און

האָפֿענונג, אידן פֿון אַמעריקע, אידן פֿון דער וועלט אין אייערע ליידן און באַליידיקונגען, אין מורא און אין שרעק!.. זייט געשטאַרקט! זייט דערמוטיקט! די אַמעריקאַנישע אידישע יוגנט שיקט אייך אַ פֿלאַמיקן גרוס פֿון מעדיסאָן סקווער גאַרדן און די פֿאַרפֿלייצטע אַרומיקע גאַסן!

אונזער יוגנט איז גרייט צום קאַמף!

ס'האָט געגרענגט פֿון הימל מיט צעבערס וואַסער און פֿון די סאָבוויים — מיט מאַסנמענטשן, וועלכע זיינען געקומען זיך באַהעפֿטן מיט זייער פֿאָלק, מיט זייער גליק, מיט זייער אויסדערוויילטן גורל.

דאָס אידישע ניו־יאָרק האָט געיום־טובט.

אידן, אידן, יונגע אידן, שיינע אידישע טעכ־טער, אַלטע אידן מיט בערד, פֿרומע, אַלטע ווייבער, — באָבעס מיט זייערע אייניקלעך זיינען געקומען... אַלע זיינען דאָ! די פֿאַרבלאָנדזשעטע זיינען צוריק־געקומען, איך האָב געזען היינט מאַרשירן אידן פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, און אידן פֿון טרעב־לינקע, מאַידאַנעק און דאַכאַו זיינען אויך דאָ.

— איך זע פֿאַר זיך דעם נס פֿון ווידערגעבורט; דעם וואונדער פֿון אומשטערבלעכקייט!

ס'געקו[illegible]ען אַ סוף אונטערצושפּאַרן מיטן אידישן מסירת־נפֿש די קראַכנדיקע קאָנטינענטן. ס'געקו־מען אַ סוף ריינצוואַשן מיט אונזער גייסט די די־סאינטעגרירטע מאָראַל פֿון מענטשן — מערדערישע פֿעלקער.

אונזערע טראַגישע וואָלטער ראַטענאַוס, ערנסט טאָלערס, סטעפֿאַן צווייגס, גוסטאַוו לאַנדאַוערס און אַ סך אַנדערע גייסטיקע ליכט וועלן מער ניט אויס־געזויגט ווערן און אויסגעשפּיגן ווערן.

דאָס אידישע פֿאָלק וועט זיינע קינדערס רייכטום אָפּהיטן און באַשיצן.

באַלויכטן איז דער ברייטער ווייסער וועג מיט צעפֿלאַמטע, שיינענדיקע אידישע פּנימער.

אינם קעניאָן פֿון הימלקראַצערס הילכט אָפּ די לייבן־שטים פֿון רבי אבא הלל סילווער.

פֿונם גאַרדן טראָגן זיך קעמפֿערישע רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס.

ראַדיאָ און טעלעוויזיע ברענגען דאָס קול פֿון ישראל צו דער אַמעריקע פֿון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפֿיק.

די צייטונגען, די ראַדיאָ, די וועלט קוקט זיך צו צום געבוירן־טאָג פֿון מדינת ישראל.

ס אַ ל ו ט!

ל אַ נ ג ל ע ב ן ז אָ ל ד אָ ס א י ד י ש ע פֿ אָ ל ק א ו ן ז י י ן מ ד י נ ת י ש ר א ל!

— — — — — — — —

מאַי, 1948

פֿייערונג פֿון ניו־יאָרקער אידן צו דער פּראָקלאַמירונג פֿון מדינת ישראל.

# אינהאַלט:

## די אידישע רעוואָלוציע

פּאַרטיק צום דרוק פונם זעלבן מחבר

## אַ נאָוועלע

# שליאַכן-אַמעריקאַנאַ

(טאָגבוך פון אַ וואַגאַבונד)

---

אַ טרעמפּיאַדע פון ניו־יאָרק קיין קאַליפאָרניע

---

אַ בוך פאַר אַלע וואָס האָבן וואַנדערלוסט אין זייערע בלוטן

Printed by
GRENICH PRINTING CORPORATION
151 West 25th Street
New York, N. Y.

